לייבהאפטיגע בריעף פון לעבעדיגע מענשען, און דאן וועט זי מאַכען די בעקאַנטשאַפט מיט — —

אָך, גאָט, ווי מיאוס! ווי עקעלהאפט!

זי פיהרט מיט דער האַנד איבער געזיכט און קאָפּ, בעקעמפּפט דעם שוידער, וועלכער איז איהר דורכגעלאָפען, דריקענדיג שטאַרק דאָס הייסע גלאָז אין איהרע הענד, און סטאַרעט זיך צו שמייכלען, אָבער זי האָט זיך צוואונגען. דער גרויסער עקעל האָט זי אָנגע־כאַפּט. זי, זי זאָל אזוי טראַכטען! זי, וועלכע האָט אמאָל גע־קעמפּפט פאַר נייע אידעאַלען, פאַר אַ נייער מענשהייט! זי זאָל זיך אנאָנסירען, זיך אָנבאָטען דורך אַ צייטונג! זי, וועלכע האָט געפּרעדיגט ליעבע, האָט זיך יעצט אַרויסגעטראָגען אין מאַרק אַריין. קויפט מיך, איך בין צום פערקויפען מיך! און נאָך ערגער: זי וויל, מען זאָל זי קויפען אויס רחמנות! זי איז עלענד! זי איז אליין! זי איז זיעבענאונצוואַנציג יאָהר! זי האָט איהר גלויבען פערלאָרען! זי איז מיד געוואָרען! „האָט רחמנות, קויפט מיך!“ פאַר וואָס שוין טאַקע נישט אַרויס אין גאַס און אָנבאָטען זיך דעם ערסטען בעסטען?! פוי! פוי! פוי!

זי איז אויפגעשפּרונגען, האָט אָנגעהויבען אַרומצולויפען איבער’ן צימער, צוגעזעצט זיך און איז ווידער אויפגעשפּרונגען. זי האָט זיך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט. ווי מיאוס! ווי מיאוס! ווי מיאוס! דאָס איז געוועזען די גרויסע פערצווייפלונג. זי האָט געטראַכט פון טויט, פון זעלבסטמאָרד. זי האָט זיך אַריינ־געוואָרפען אין בעט און געדריקט זיך דעם קאָפּ. גאָט, ווי אונ־גליקליך זי איז! ווי אונגליקליך זי איז! — — —

אָבער אין די קומענדיגע טעג האָט זי געקוקט אין דעם אָנאָנ־סען־טייל פון דער צייטונג און געזוכט איין ענטפער אויף איהר בריוועל. אויס נייגעריגקייט. גלאט אזוי זיך אריינגעקוקט.

און דער ענטפער איז נישט אויסענגעבליעבען. אפילו עט־

ליבע ענטפערס. אייניגע האָבען אָנגעגעבען זייערע אדרעסען און געבעטען, אז „די מיד געוואָרענע" זאָל זיך לאָזען הערען.

דאָס האָט זי פעראינטערעסירט. זי האָט אָנגעהויבען צו זעהן די גאנצע זאך פון דער קאָמישער זייט. עטליבע אויף א מאָל! אז זי זאָל אפילו וועלען ענטפערען, וועט זי נישט וויסען, וועמען זי זאָל ענטפערען צוערסט. וועמען אויף טשיקאַוועס זאָל זי אויס־קלייבען פון די אלע? זי האָט געשטודירט זייערע בעצאָהלטע אנאָנסען; אין די פּאָר שורות האָט זי געוואָלט דערקענען דעם גאנצען מענשען. זי האָט אפילו געשטודירט די נעמען און די אדרעסען, אקוראט ווי זיי וואָלטען געקאָנט אויפדעקען איהר דעם כאראקטער פון דעם שרייבער. זי האָט אליין געלאכט. אָבער ווי קלייבט מען אויס? אלע אנאָנסען זיינען געווען כמעט אויף דעמזעלביגען נוסח. זי האָט מיט א געלעכטער אוועקגעוואָרפען די צייטונג, אָבער באלד אויפגענומען זי ווידער, און ווידער געלייענט און געשטודירט. זי וועט גאָר אויסקלייבען דעם שענסטען נאָמען. זי וועט ווארפען גורל. זי וועט זיי אויסשפּיעלען. אויף טשיקאַ־וועס, בלויז אויף טשיקאַוועס. זי האָט אויסגעשריעבען אלע נעמען אויף שטיקלעך פּאַפּיער, אריינגעוואָרפען זיי אין איהר הוט, אויס־געמישט און ארויסגענומען: מאָררים הורוויץ. איהר הארץ איז שטעהן געבליעבען. דער מאָררים הורוויץ איז איהר פּלוצלונג אזוי נאָהנט געוואָרען, זי האָט איהם דערפיהלט נעבען זיך. נארישקייט! זי האָט צוריק אריינגעוואָרפען דעם צעטעל אין דעם הוט, און ווידער אויסגעמישט און ווידער געצויגען. זי האָט ביי זיך אָב־געמאכט: זי וועט ציהען דריי מאָל. דער, וועלכער וועט ארויס־געצויגען ווערען צום דריטען מאָל — — דזשייק סטרופּין. — —

דער נאָמען געפעלט איהר נישט. זי האָט איהם צוריק אריינ־געוואָרפען און ווידער אָבגעמאכט ביי זיך: זי וועט ציהען אזוי לאנג, ביז זי וועט געהן שלאָפען, און דער, וועלכער וועט ארויס־

געצויגען ווערען די מעהרסטע מאָל — — וועט זי איהם שרייבען ? ניין, זי טוט עס בלויז אויף א טשיקאַוועס. זי שפּיעלט זיך. עס איז דערווייַלע א גוטער צייטפערטרייב.

זי איז זעהר שפּעט געגאנגען שלאָפען. זי האָט געצויגען די צעטעלעך, פערשריעבען די נעמען, געצעהלט זיי, געטראכט פון יעדעם בעזונדער — יעדער בעזונדער האָט אָנגענומען ביי איהר א געוויסע געשטאלט, אָבער אַז די אויגען האָבען זיך ביי איהר אָנ־געהויבען קלעפּען, האָט זי צוריסען מיט כעס די צעטעלעך און אַוועקגעוואָרפען זיי מיט עקעל. ווי קאָן מען אזוי משוגע ווערען ! — דאָך די אַלע נעמען און די מענער־געשטאַלטען, וועלכע זי האָט צו זיי צוגעשטעלט, האָבען זי יעצט נישט פערלאָזען, און עס איז איהר געוועזען, ווי זי איז געגאנגען שלאָפען, ארומגערינגעלט פון זיי אַלעמען.

אויף מאָרגען האָט זי ווידער געלייענט אין די אנאָנסען. איינער האָט געשריעבען : „מיד געוואָרענע, איך האָב געוואַרט אויף דיר !" זי האָט זיך אַפילו דערשראָקען פון די פּאָר ווערטער. אָבער דאָן האָט זי געטראכט, אַז דאָס מוז זיין איין אינטערעסאנטער מענש. ווי גאַנץ פערשיעדען פון די אַלע, וועלכע האָבען נעכטען געענטפערט. עס וואָלט געווען אינטערעסאנט צו קענען איהם. ער מוז אויך אויסערליך גאַנץ פערשיעדען זיין פון די אַנדערע. ער איז אבסאָלוט נישט פון די, וועלכע מען קאָן קריגען אויפ'ן טוץ.

פאַר וואָס זאָל זי איהם נישט ענטפערען ? וואָס האָט זי מורא צו האָבען ? זי וועט זיך בעקענען מיט איהם. וועט ער איהר נישט געפעלען ווערען, וועלען זיי זיך פערנאַנדערגעהן. אָבער געוויס איז דאָס דער, וועלכען זי האָט געהאָפט צו טרעפען. א מיד געוואָרענער, וועלכער האָט געביינקט נאָך א נשמה. צוויי מיד געוואָרענע, צוויי עלענדע וועלען זיך טרעפען, און א נייע לעבען וועט זיך אַראָבלאָזען אויף זיי.

זי האָט איהם געענטפערט, און ער איז געקומען. דאָס איז געוועזען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, העזה'דיג אין זיינע בעוועגונגען און אין זיינע רעד. ער האָט זיך בענומען, גלייך ער וואָלט זי לאַנג געקאַנט, און אויגען און ליפּען האָבען איראָניש געשמייכעלט.

זי איז געזעסען אין ווינקעל פון סאָפאַ, און ער איז געזעסען נישט ווייט פון איהר אויף אַ שטול און האָט גערעדט און גערעדט.

ער קען זי, די רוסישע אַקושערין־מאַסאַזשיסטין, וועלכע איז דאָ געוואָרען אַ „דרעסמייקערין", און איז אַזוי מיד געוואָרען, אַז זי אַנאָנסירט אין דער צייטונג. ער פערשטעהט גוט איהר מיד־ווערען. ער קאָן עס איהר דערצעהלען, ווי פון אַ בוך אַרויסגעלייענט. אין דער אַלטער היים איז זי געוועזען אַ קעמפּפערין, גע'עוסק'ט זיך מיט רעוואָלוציאָן, מסתמא אויך געזעסען, און אַז דער קאַמפּף איז דאָרטען פערלאָרען געגאַנגען, איז זי געקומען אַהער. דאָ האָט זי אויך געוואָלט איבערקעהרען אַ וועלט. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דער בעוועגונג, אַריינגעטראָטען אין דער יוניאָן — ער ווייס, ער ווייס — אָבער די היגע טהעטיגקייט איז איהר נישט געפעלען געוואָרען. אַלטעגליכקייט, וואָכעדיגקייט, קליינליכקייט. דאָרטען אין דער היים איז עס געוועזען אַ קאַמפּף, פערבונדען מיט סכנת נפשות, ער האָט געברענט אין דער נשמה, אויסגעפילט דעם גאַנצען מענש. דאָ איז ער געשעפט, בלויז געשעפט. אָ, ער ווייס. ער אַליין איז געוועזען אַ לאַנגע צייט אין דער בעוועגונג. ער ווייס עס גאַנץ גענוי. געשעפט און נישט מעהר. די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן איז ווייט, דאָס גליק פון דער מענשהייט איז בלויז אַ פראַזע. אַ גוט געשעפט און אַ פעסטע שטעלע זיינען דער עיקר. איין עהרליכער מענש קאָן עס נישט, ווערט מיד. זי איז אַזוי מיד געוואָרען. מיד געוואָרען פון שטויסען וואַסער, פון טון און גאָר־

נישט אויפטון, פון האַלטען שטענדיג ביים אָנהעב. און די יאָהרען געהען אוועק! די — יאָהרען — געהען — אוועק!

ער האָט איהר גערעדט ווי פון דער נשמה אראָבגעלייענט. יא, אַזוי איז עס מיט איהר געוועזען. אָבער פאַר וואָס שמייכעלט ער אַזוי ציניש? עפּעס שרעקט ער זי מיט זיין שמייכעל.

און ער האָט ווייטער גערעדט: ער האָט געוואַרט אויף אַזא מיד געוואָרענע. אין יעדער מיידעל, וועלכע אנאָנסירט נאָך בע־קאנטשאפט מיט אַ מאַן, איז דער פערלאַנג נאָך מאַן איבערצייטיג. אין איהר, דער מיד געוואָרענער, וועלכע העבט זיך אָן צו שרעקען פאַר די אוועקגעהענדיגע יאָהרען, ערסט רעכט. זי, די אויפגע־קלערטע, וועלכע האָט מסתמא דורכגעמאַכט אויך פערשיעדענע ליעבעסגעשיכטען, וועט געוויס איינגעהן אויף פערשיעדענע בעדינ־גונגען און פערבינדונגען. און ער וויל איהר מאַכען אַזא מין פאָר־שלאַג. חתונה האָבען וועט ער מיט איהר נישט — —

זי האָט פּלוצלונג אויפגעלאַכט, גאַנץ היסטעריש. זי איז צו־געשפּרונגען צו דער טיר, אויפגעעפענט זי מיט אַ שטויס און פעסט ארויסגערעדט: „ארויס!"

מיט אַ צינישען שמייכעל אויף די ליפּען האָט ער געמאַכט אַ פּאָר טריט צו דער טיר. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, אָבער זי האָט איהם נישט דערלאָזען: „ארויס! זאָגט איהר עפּעס נאָך אַ וואָרט, לאָז איך אייך ארעסטירען!"

ער האָט אויפגעלאַכט און איז ארויס. אָבער זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איבער'ן טיש און ביטער זיך צעוויינט. דאָס איז איהר שטראָף! זי האָט זי עהרליך פערדיענט. ווי אַזוי האָט זי זיך געקאָנט אַזוי פערגעסען?!

און זי האָט געריסען אויף זיך דאָס האָר און ביטער געיאָמערט: לעבען, וואָס האָסטו געמאַכט פון מיר?! לעבען, וואָס וועסטו נאָך פון מיר מאַכען?!

מיין פריינד'ס געזיכט איז געוועזן פערקרימט פון איין אינערן וועהטאָג, געמישט פון עקעל. ער האָט מיר דערצעהלט פון זיין ערסטער ליעבע. נישט איינער האָט שוין פערלאָרען זיין געליעבטע, אָבער אַזוי פערליערען, ווי ער!... דאָס עסט און עסט אין איהם, כאָטש דאָס איז שוין געשעהן מיט אַ סך יאָהרען צוריק.

אָט וואָס ער האָט מיר דערצעהלט:

איך און זי זיינען אין איין דאָרף אויפגעוואקסען, אין שכנות געוואוינט — אַ פענסטער געגען אַ פענסטער, פון וועלכע מיר פלעגען זיך איבערוואָרפען מיט בליקען, ווען מיר זיינען נישט געוועזען צוזאַמען אין שטוב אָדער דרויסען. פאַר די פענסטער זיינען געוואקסען צוויי יונגע בוימדלעך — פאַר וואָס געדיינק איך זיי יעצט אַזוי? — עס שיינט מיר, דאָס בין איך און זי. מיר זיינען געוואקסען צוזאַמען מיט די בוימדלעך לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, און אונזער ליעבע איז געוואקסען מיט אונזער וואוקס. די בוימדלעך זיינען אויך ניטאָ שוין מעהר. איינס פון זיי האָט אַ חזיר אונטערגעגראָבען, דאָס אַנדערע האָט אַ דונער איינגעשלאָגען.

יאַ־יאַ!

אַלזאָ ווייטער. ווען איך דערצעהל דיר פון „אונזער" ליעבע, דאַרפסטו פערשטעהן, אַז מיר האָבען אונז קיינמאָל נישט אויסגעשפּראָכען. דאָרף מען זאָגען טאָג, ווען עס איז טאָג, און נאַכט, ווען עס איז נאַכט? פערשטעהסט — אונזער ליעבע איז געוועזען אַ גאַנץ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך. זי איז געוואקסען מיט אונז, און אַלע האָבען געקוקט אויף אונז ווי אויף חתן־כלה פון קליינערהייט אָן. אונזערע עלטערן זיינען געוועזען פון גלייכען יחוס, גוט

אין מעמד און אַלטע פריינד. און איך בין געוועזען אַ גערעַטען אינגעל, אַ וואוילערנער און אַ פיין קעפּעל אין מסחר, און זי איז געוועזען אַ גערעַטען מיידעל, שיין און קלוג און אַ גרויסע בריה. בקיצור — אַ גוט, פּאַסענד פּאָרל, ווי גאָט האָט געבאָטען.

מיר האָבען אונז דערפאַר קיינמאָל נישט ערקלערט אין ליעבע. אָבער אויך צו קיין אומאַרמונג און קוס איז עס צווישען אונז נישט געקומען. מיר זיינען ביידע געוועזען פרום. זי — ווי אַ מיידעל קאָן און דאַרף זיין פרום; דער עיקר שטיל, צנועה'דיג, פאָרזיכטיג און אָבגעהיט צווישען מענער. איך אָבער בין געוועזען פרום ווי אַ שטעקען. אויסערליך — אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט לאַנגע געקרייזעלטע פּאות — און אינערליך: פרום אָהן חכמות, פרום, ווייל איך האָב געמוזט זיין פרום, ווייל איך האָב געהאַט דערצו אַ גרויסע בעדירפנים. וועל איך דאָך קיין מיידעל נישט קוסען, און אפילו מיין כלה. און פלעגט עס אַ מאָל קומען איבער מיר, און עס פלעגט זיך מיר פערוועלען אַרומנעמען זי, און צודריקען זי צו מיר, און אויסקוסען איהר אַלע גליעדער, איז דאָס „מען טאָר נישט" געזעסען מיר פעסט אין דער נשמה און צוגעהאַלטען מיך, ווי מיט אייזערנע צוואַנגען. איך האָב מיך געהאַלטען, ווי אַ גוט דיס־ציפּלינירטער סאָלדאַט. רוהיג געשטאַנען! האַלט זיך! איך האָב אָבגעלעגט אויף דער צייט, ווען איך וועל מאָגען — אויף נאָך דער חתונה, און די חתונה האָט געזאָלט זיין נאָך מיין פריזיוו.

גלויב מיר, עס איז מיר געוועזען זעהר שווער. דערהויפּט נאָך, וואָס זי איז געוועזען צו מיר זעהר צוגעלאָזען. זי פלעגט עס ליעב האָבען צוצוטוליען זיך צו מיר, אַרומלעגען די האַנד אַרום מיר. צופעליג, ווי נישט געוואָלט, אָבער דאָך מיט אַ ציטער אין גאַנצען קערפּער, מיט אַ טרייסלענים אין די הענד. אָבער איך בין געוועזען ווי איין אַלטער אָבגעלעבטער פרוש. אָדער איך פלעג עס

ניש̇ט מערקען, אָדער איך פלעג זי אָברוקען פון מיר. קאָנסטו אזוינס בעגרייפען אין א צוואנציגיעהריגען געזונדען בחור?

דו שטעל דיר פאָר: איך האָב מיך איינמאָל געשיפט מיט איהר — אזעלכע זאכען האָב איך מיר ערלויבט; איך פלעג אויך געהן מיט איהר יאגדעס קלייבען אין וואלד, גאנץ אליין, און פיש כאפען און אזוי ווייטער — אלזא, מיר האָבען אונז געשיפט. דאָס איז געוועזען א זומער פארנאכט, ווען אלץ ארום דיר איז פול נגינה און דו ווערסט אָנגעפילט פון אונצעהליגע פערלאנגען, וועלכע טיילען זיך אָב צו דיר און דריגגען אין דיר אריין פון אלע די ארו־מיגע טענער — א גאנץ געפעהרליכע צייט צו זיין יעמאָלט אליין מיט א מיידעל. אָבער דאָס וויים איך יעצט, דאמאָלס האָב איך עס ניש̇ט געוואוסט, איך בין ארומגעגאנגען ווי אין א פאנציר. איך האָב מיך געשיפט, ווייל אויפ׳ן טייך איז געוועזען קיהל, קיהלער ווי אין דאָרף, און ווייל איך האָב בכלל ליעב געהאט צו שיפען זיך. איך האָב מיך געשיפט לשמיה ולשמה, פון דעם שיפען־זיך וועגען. איך בין שטארק פערטאָן געוועזען אין מיין ארבייט, האָב פלייסיג געארבייט מיט די רודערס, אונטערגעזונגען, גערעדט, און ערגעץ־וואו ווייט אין מיר אויך הנאה געהאט, וואָס זי איז דאָ מיט מיר — זי, וואָס וועט זיין מיין ווייב נאָך מיין פריזיוו, און צום פריזיוו זיינען מיר געבליעבען נאָר נאָך עטליכע חדשים.

פלוצלונג האָט זי זיך אראָבגעגליטשט פון איהר זיץ, צוגע־פויזעט צו מיר און ארויפגעלעגט דעם קאָפּ מיר אויפ׳ן שויס.

איך האָב מיך עפּעס, ווי דערשראָקען, אָבער מיין ערסטער געדאנק איז געוועזען, אז מיט איהר קאָפּ ביי מיר אויפ׳ן שויס וועל איך ניש̇ט קאָנען רודערן.

„טיק רודער ניש̇ט“, האָט זי מיר געזאָגט. „לעג אוועק די רודערס“.

דערפאר אָבער האָב איך מורא געהאט. איך האָב געוואוסט, אז צווישען אונז וועט גאָרנישט געשעהן, אָבער איך האָב דעם קאמפף נישט געוואָלט. איך האָב פערשפּירט, אז עפּעס ריהרט זיך אין מיר, און איך וועל מיך דארפען צונויפנעהמען, וועל מיר דארפען אָנטאָן א כח. יא, ווען איך וואָלט געקאָנט רודערן, וואָלט איך ווייטער גערודערט און געמאכט מיך נישט־וויסענדיג, אז זי האלט איהר קאָפּ ביי מיר אויפ'ן שויס, אָבער אזוי... ניין, איך וועל בעסער אראָברוקען איהר קאָפּ, צולעגען איהם נעבען מיר און זעהן, אז איך זאָל קאָנען ווייטער רודערן. און פּלוצלונג זאָגט זי צו מיר:

„גיב מיר א קוש."

זי האָט ארויפגעקוקט צו מיר מיט פייער אין די אויגען, די ליפּען פערנאַנדערגעעפענט, די ציינער צונויפגעפּרעסט און געוואַרט.

איך האָב מיך פערלאָרען, הייס און קאלט איז מיר געוואָרען. איך האָב דערפיהלט, אז מיין פּאַנצער ווערט צופאַלען. איך קאָן איהר נישט אָבזאָגען. איך האָב מיך אָנגעהויבען ארומצוקוקען, צו זעהן אונז נישט עמיצער. מיקיטאַ, א יונגער פויער, האָט זיך רוהיג און לאנגזאם געשיפּט הינטער אונז, די אויגען געווענדט אויף אונז. איך האָב געדארפט אויסשרייען: „נאַטירליך!" איך האָב מיך געדארפט ריכטען, אז ער וועט דאָ זיין. וואָרום וואו איך פלעג זיין מיט איהר אַליין, פלעגט ער עפּעס ווי פון דער ערד אויס־וואקסען. איך האָב מיך קיינמאָל דערפון נישט אויסגעמאכט, מיר איז דאָס אפילו נישט אויפגעפאלען, יעצט אָבער האָט עס אויפגע־קאָכט אין מיר געגען איהם.

איך האָב שנעל אַראָבגערוקט איהר קאָפּ פון מיין שויס.

„מיקיטאַ קוקט!"

זי האָט זיך אויפגעזעצט, לאנגזאם, מיד, מיט א בייזען אויס־דרוק אויפ'ן געזיכט. די גאַנצע צייט האָט זי מעהר קיין וואָרט

נישט ארויסגערעדט. „ניין“ האָט זי געענטפערט און „יא“, אָדער גאָרנישט געענטפערט. אויך אויפ׳ן וועג אהיים האָט זי קוים א וואָרט ארויסגערעדט, און איהר „גוטע־נאכט“ איז אייז־קאַלט גע־וועזען.

זי איז ווי אומגעענדערט געוואָרען, האָט זיך גאנץ געביטען. וועניג געלאָזען זיך זעהן, וועניג גערעדט מיט מיר. און טרוקען אזוי, אָפט בעגלייטענדיג איהרע ווערטער מיט א מאָדנעם הארטען אויפלאכען, וואָס איך האָב גאָר קיינמאָל נישט געהערט ביי איהר. איך האָב נאטירליך בעמערקט די ענדערונג — נישט אזוי שנעל, ווייל אויסערליך איז דאָך אין אונזערע בעציהונגען קיינמאָל נישט געוועזען קיין סך ליעבע. עס האָט מיך געקריינקט, וואָס זי האָט זיך פּלוצלונג אָנגעהויבען גאָר צו דערווייטערן. אָבער איך האָב זי נישט געפרעגט, וואָס איז די אורזאכע, געמאַכט מיך נישט־בעמערקענדיג, סיי ווי סיי איז דאָך באלד די חתונה. און טאקע גוט צו זיין אביסעל דערווייטערט.

ענדליך איז אָנגעקומען דער פּריזיוו. איך בין אוועק אין שטאָדט. עס האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה בעהאַלטענים. איך האָב געהאט אויסזיכטען אויף אויסצודרעהען זיך פון דיענסט, ווען איך וועל נאָר צייט געווינען. איך בין אוועק צו א מוהמען אין א ווייט שטעדטעל, געזעסען אייננעשפּארט און אויף דער גאס נישט בעוויזען זיך. עס זיינען אוועק אזוי א זעקס וואָכען. פּלוצלונג בעקום איך א בריעף פון דער היים, איך זאָל אויף גאָרנישט קוקען און גלייך קומען. עטוואָס שרעקליכעס האָט פּאסירט, עטוואָס אונגלויבליכעס.

אָהן שאלות און מעלות בין איך אוועקגעפאָהרען אהיים — —

זי האָט זיך גע׳שמדט און חתונה געהאט מיט מיקיטא׳ן! הערסט, איך קאָן דיר גאָר ווייטער נישט דערצעהלען. ווען

דו וואָלסט געוואוסט, ווי מיר איז! שטענדיג, ווען איך טראַכט דערפון, איז מיר, ווי מיין קערפער וואָלט מיט שפּילקעס געשטאָכען געוואָרען. שטעהט מיר נישט מיין האָר אויפ'ן קאָפּ? מיר דוכט, זיי זיינען מיר ווי די טשוועקעס. — גיב מיר אַ ביסעל וואַסער. — אַזוי. —

און יעצט בקיצור.

זי האָט זיך גע'שמדט און חתונה געהאַט מיט מיקיטאַ'ן, מיט דעם יונגען פּויער, וועלכער איז געוועזען אונזער שטומער בעגלייטער אויף אונזערע איינזאַמע וועגען. דאָס איז געקומען אויף אונזערע ביידע פאַמיליעס, ווי אַ דונער פון אַ קלאָרען הימעל. מען האָט זיך עס נישט געוואָלט גלויבען, איינער האָט אָנגעקוקט דעם צווייטען פערוואונדערט, קשה'דיג. ווי איז עס מעגליך? ווי אַזוי האָט עס געקאָנט טרעפען? איז עס נישט אַ חלום?

מען האָט קיינעם נישט צוגעלאָזען צו איהר. מען האָט אָנגעזאָגט די אידען פון דאָרף, אַז אויב זייער לעבען איז זיי ליעב, זאָל מען זי לאָזען צו רוה. אָבער די אידען האָבען אויף גאָרנישט נעקוקט און אָנגעווענדט אַלע מיטלען אויף צו זעהן זיך מיט איהר. איהר מוטער איז אָבגעלעגען דריי טעג און דריי נעכט אונטער מיקיטאַ'ס פענסטער, געריסען אויף זיך די האָר און געשריען און געוויינט. אָבער אַלץ איז געוועזען אומזיסט. האָט מען מיך ארויסגערופען. טאָמער וועל איך קאָנען אויף איהר ווירקען.

איך בין נאָר אריינגעפאַלען אין אַ היסטעריקע און אוועקגעלעגט זיך אויף לאַנגע וואָכען און חדשים אין אַ פיעבער.

מען האָט געוואָלט אויסנוצען מיין קראַנקהייט אויף איבערצו ענדערן איהר זין, דערוויכען איהר הארץ. זעה, גזלנ'טע, דו האָסט דאָך אַ מענשען דער'הרג'עט. אָבער ווען מען האָט איהר

נערעדט פון מיר, איז איהר געזיכט נאָך הארטער און בייזער גע־וואָרען.

זי איז געבליעבען א גויה און ביי איהר מיקיטא'ן. און ווי אויף צו להכעיס איז זי געבליעבען וואוינען אין אונזער דאָרף און אונברחמנות'דיג געשטאָכען אין די אויגען און הערצער פון איהרע עלטערן און קרובים און פריינד. מען האָט זי נישט אויפגעהערט צו שעלטען און קללה'ן אונטער די אויגען און אין די אויגען. און אין דער איינענער צייט איז זי געוועזען פאַר אַלעמען א שווערע רעטעניס. דאַכט זיך שטענדיג אזא גוטע געוועזען. פון וואנען קומט עס צו איהר פלוצלונג אזא שטיינערן הארץ? —

ווען איך האָב ווידער אָנגעהויבען ארומצוגעהן, האָב איך מיך די ערסטע זאַך אוועקגעשלעפּט צו איהר הויז. דאָס הייסט, צוערסט בין איך געזעסען פאָרנט פאַר אונזער הויז און געוואַרט, טאָמער וועט זי פארבייגעהן; איך האָב מיר אויסגעקוקט מיינע אויגען. און ווען איך האָב מיך נישט געקאָנט דערוואַרטען, בין איך אויפגעשטאנען און אוועקגעגאנגען. וואָס האָב איך געוואָלט פון איהר? וואָס האָב איך געוואַרט? אויף וואָס האָב איך גע־האָפט? מיין האַרץ האָט געבלוט, און איך בין געגאַנגען. ווי עמיצער וואָלט מיך געשלעפּט. ביים פערקעהר אין איהר געסעל האָב איך זי אָנגעטראָפען, אויג אויף אויג, קיין איינציג נפש נישט ארום אונז. עס האָט מיר א ריס געטאָן אין הארצען און איך בין געפאַלען ווי איין איבערגעזעגטער בוים פאַר איהרע פיס.

ווען איך בין געקומען צו מיר, האָב איך מיך היסטעריש צו־וויינט. זי איז געשטאַנען איבער מיר מיט א האַרטען, בייזען אויסדרוק אויפ'ן געזיכט, ווי איהר פּנים וואָלט צו שטיין געוואָרען, און באַלד האָט זי שלאַנגיג־גיפטיג ארויסגעשיפּעט פון צווישען די איינגעפּרעסטע ציינער:

„פאַר וואָס האָסטו מיך קיינמאָל נישט געקוסט?!" — — — —

פינף זיינען מיר געוועזען אין דעם צימער. ביי איין טישעל איז זי געזעסען מיט דריי יונגעלייט, און ביי אַן אַנדער טישעל, איהר ענטגעגען, בין איך געזעסען, אָבגעזונדערט און אַליין.

עס איז געוועזען שפּעט אין דער נאַכט. דער קעלנער, מיד און שלעפעריג, האָט געגעניצט אין דעם פאָרנסטען צימער און נישט בעוויזען זיך, אָבער קיינער פון אונז האָט נישט געטראַכט אוועק־צוגעהן. דיביידע יונגעלייט, וועלכע זיינען געזעסען רעכטס און לינקס פון איהר, האָבען געהאַלטען זייערע קעפּ אויף איהרע שול־טערן און געדריקט איהר די הענד, יעדער די האַנד, וועלכע איז געוועזען נאָהנט צו איהם, און די אויבערשענקעל פון די פיס, יעדער דעם אויבערשענקעל, וועלכער איז געוועזען נאָהנט צו איהם. און דער יונגערמאַן, וועלכער איז געזעסען ענטגעגען איהר, האָט גע־האַלטען איהרע פיס צונויפגעדריקט צווישען זיינע.

אָבער זי האָט נישט אַראָבגענומען איהרע אויגען פון מיר, גרויסע גרויע אויגען, וועלכע האָבען גע'שרפ'עט און געשמאַליעט מיט דעם פייער פון אונערזעטליכער תאוה, און זי האָט צוגעלאַכט צו מיר, צונויפבייסענדיג איהרע גרויסע ווייסע ציינער, מיט דעם אויסדרוק פון אַ חיה רעה, וועלכע לעבט פון מאָרד און הייסען בלוט.

איך האָב נישט געקאָנט נישט זי און נישט די יונגעלייט. אָבער זי האָט זיי בעטראָגען מיט מיר, נישט קענענדיג מיך, מיט איהרע אויגען און מיט איהר לאַכען און מיט איהרע ציינער, איבער די קעפּ פון די דריי, וועלכע האָבען זי געהאַלטען ארומגענומען גאַנץ פערשיכור'ט און פער'נכפה'ט.

קיינער האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט. אוועקגעהן וואָלט הייסען אָנווערען זי, פערליערען זי, איבערלאָזען זי איינעם. אָבער יעדערער האָט געוואָלט זיין דער איינער און נישט געוואָלט, אז דער אַנדערער זאָל זיין דער איינער. און איך, פון וועמען זי האָט איהרע אויגען נישט אראָבגעלאָזען, צו וועמען זי האָט צוגעשמייכעלט אָהן איין אויפהער, האָב געוואוסט, אז איך בין דער זיעגער און גערולדיג, זעהר גערולדיג געוואַרט.

פלוצלונג איז אַ סקעלעט אַריין אין צימער. אַ סקעלעט מיט אַ ווייסען, קאַלך־ווייסען ביינער־פּנים און אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ, אַ הויכער גאָלדענער קרוין, פון רויטליכע, אויבען פעדרונדעטע בלעטער צוזאַמענגעשטעלט. קיינער אין צימער האָט איהם נישט בעמערקט, אָבער איך האָב איהם דערזעהן און דערקענט. דאָס איז געוועזען קעניג־טויט. אָבער אין מיר איז עס דורכגעפלויגען מאַיעסטעט־בעליידיגענדיג: „אהא, ער איז שוין דאָ!“ און איך האָב מיך מעהר נישט אומגעקוקט אויף איהם, ווייל איך האָב נישט געוואָלט פערלירען קיין איין־איינציגען בליק פון איהרע גרויסע גרויע אויגען. אָבער ווען איך האָב ווידער געפונען איהר בליק, איז מיר געוועזען, גלייך אויך זי האָט איהם יעצט צוריקגענומען פון דעם קעניגליכען גאַסט.

דאָ זאָגט דער פון רעכטס: „געהען זייביידע נישט באַלד אוועק פון דיר, ברייננ איך זיי אום!“

און דער פון לינקס שיפּעט אַרויס: „מיין אָרם איז אַזוי שטאַרק ווי דיינער און שטאַרקער, איך וועל גלייך אַרויסדריקען פון דיר דיין ביסעל לעבען און אויך דעם צווייטען שטערער וועט אויסנעהן באַלד די לוסט צו שטערען.“

אָבער דער דריטער האָט בייז געלאַכט: „איך האָב מיינע ביידע אָרמס פריי, און איהר מאָגט ביידע ווידוי זאָגען.“

זיי האָבען אַלע דריי שטאַרקער געאָטעמט און צוגעוואָרפען זיך בליצען־בליקען, פול צושטערונג און פערניכטונג.

אָבער זי האָט נישט אַראָבגענומען פון מיר איהרע אויגען און געלאַכט, צונויפבייסענדיג איהרע גרויסע ווייסע ציינער.

און איך בין געזעסען און האָב געוואַרט. זעהר געדולדיג, זעהר געדולדיג, ווי אַ זיעגער. —

דאָ הויבט אויף דער פון רעכטס זיין רעכטע האַנד און כאַפּט אָן דעם פון לינקס פאַר'ן האַלז, מיט דער לינקער האַנד דריקענדיג נאָך אַלץ איהר האַנד און אויבערשענקעל. אָבער דער פון לינקס האָט אויפגעהויבען זיין לינקע האַנד און אָנגעכאַפּט זיין אָנפאַלער פאַר'ן האַלז, זיין רעכטע נישט אָבלאָזענדיג פון איהר האַנד און אויבערשענקעל. און אינ'ם ענטקעגענדיגען האָט זיך אָנגעצונדען פּלוצלונג אַ מערדערישע ווילדקייט און ער האָט אָנגעכאַפּט זיי ביידען פאַר די העלזער. דאָן האָבען זיי ביידע אָבגעלאָזען איהרע הענד און מיט זייערע בעפרייטע הענד אָנגעכאַפּט דעם דריטען פאַר'ן האַלז.

זיי האָבען זיך נישט אָבגעלאָזען און געוואָרגען איינער דעם אַנדערן, צוויי הענד אַ האַלז, צוויי הענד אַ האַלז, ביז זיי זיינען בלאָס און בלוי געוואָרען און אָנגעהויבען אַרויסצושטעקען זייערע צינגער.

און איך בין געזעסען און געוואַרט. זעהר געדולדיג, זעהר געדולדיג. נאָר מיט מיינע אויגען האָב איך אויף אַ קליינע ווילע אויפגעזוכט דעם קעניג־טויט און צוגעוואונקען איהם צופריעדענהייט. אין דער מינוט האָב איך דערפיהלט איהר אָטעם איבער מיר און איהרע אָרמס אַרום מיין האַלז און איהרע ליפּען אויף מיינע ליפּען. אָבער זי האָט מיך געקוסט מיט איהרע ציינער, און דער ־רוק פון איהרע אָרמס אַרום מיין האַלז האָט מיר דעם אָטעם אוועק־

נענומען. איך האָב דערפיהלט, אַז איך ווער בלאַס און בלוי, און זי קוסט מיך און קוסט מיך, און עטוואָס לאַכט אַזוי שטיל און אַזוי שרעקליך, אַזוי שוידערהאַפט שרעקליך. אָה, דאָס איז דער קעניג־ליכער גאַסט! דאָס איז קעניג־טויט!

אָהה!...

איך עפען אויף די אויגען. פינף זיינען מיר אין צימער, זי און די דריי יונגעלייט און איך. און קיינער וויל נישט אַוועקגעהן...

אָה, עטוואָס וועט געשעהן, עטוואָס וועט געשעהן!

# דאָס פּאַרשפּיעל

א יונג ווייבעל איז געזעסען פאַר דער טיר פון איהר הויז און געזויגט איהר קינד — אַ איינגעל פון אַרום אַ יאָהר אַלט. איהרע אויגען האָט זי געהאַלטען אָנגעשטעלט אין דער זייט גאַס, וואו איהרע צוויי עלטערע קינדער — צוויי מיידלעך — האָבען זיך געשפּיעלט און געהאַלטען ביים צושלאָגען זיך. זי האָט שוין געוואָלט אויף זיי אָנשרייען, אָבער פון דער אַנדער זייט גאַס איז צוגעגאַנגען צו איהר אַ ציגיינערין און עפּעס אַ זאָג געטאָן. דאָס ווייבעל, וואָס האָט נישט געהערט די ציגיינערין צוגעהן, האָט זיך דערשראָקען און אַזאַ ציטער געטאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער, אַז דאָס קינד ביי איהר ברוסט איז אַ פּערצאַפּעלט געוואָרען און האָט זיך צואַוויינט. דאָס ווייבעל האָט אויסגעשפּייט מיט האַרץ פאַר דער ציגיינערינס פּיס: „טפו צו איהר קאָפּ!" זי האָט אַריינגעשפּאַרט דעם קינד די ברוסט און אָנגעהויבען טרייבען פון זיך די זון־פערברענטע פרוי.

די ציגיינערין האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט. זאָל זי איהר געבען די האַנד, זי וויל איהר וואָראָזשען.

אָבער דאָס ווייבעל איז געוועזען בייז און אויפגעבראַכט. זי דאַרף נישט קיין וואָהר־זאָגעכטס און זי וועט ניט געבען די האַנד. „געה!"

די ציגיינערין האָט זיך אַלץ נישט געריהרט פון אָרט. זי האָט אָנגעהויבען צו רעדען צו דעם אַלץ נאָך וויינענדיגען קינד,

טשמאַקען צו איהם מיט די ליפּען, בערוהיגען עס. באלד האָט זי בעמערקט, אז זיין קעפּעל איז נישט אזוי ריין, און אין אַ זעהר גוט־מוטיגען, פריינדליכען טאָן פון אַ פרוי, וועלכע ליעבט קליינע קינ־דער, האָט זי געזאָגט דער מוטער, וואָס איז גוט צו טאָן פאר דאָס קעפּעל. און איידער דאָס ווייבעל, וואָס איז נאָך אַלץ געוועזען אָנגערוקט און בייז, האָט זיך ארומגעקוקט, האָט די ציגיינערין שוין געהאַלטען דעם קינדס הענטעל אין איהר גרויסער ברוינער האנד.

„אָה“, האָט זי געזאָגט, „לייענדיג“ די האנד, „דיין קינד וועט זיין גרויסער מאַן, זעהר גרויסער מאַן, זעהר בעריהמט, אָה, זעהר בעריהמט. אַ סך געלט האָבען, אָה, אָה! זעהר גרויסער הערר, אָה!“

דאָס קינד האָט וויעדער ארויסגעלאָזען די ברוסט פון מויל, אומגעקוקט זיך אויף דער ציגיינערין, אָנגעקוקט עס אַ ווײלע מיט אַ פאַרשענדיגען בליק, פערצויגען דאָס מײלכעל און אויסגעבראָכען אין נאָך אַ גרעסערער יללה. דאָס ווייבעל האָט שנעל ארויסגענומען זיין הענטעל פון דער „מכשפה׳ס לאַפּע“, אריינגערוקט איהם די ברוסט, צונעדריקט איהם צו זיך און האסטיג אריינגעלאָפען מיט איהם אין שטוב, מיט אַ שטארקען קלאַפּ צומאכענדיג הינטער זיך די טיר.

די ציגיינערין איז געשטאַנען אַ ווײלע הינטער דער צוגעמאכ־טער טיר, איבערגעטראָטען פון פוס אויף פוס, אריינגעקוקט אין דאָס פענסטער, וואָס איז געוועזען נישט ווייט פון דער טיר, און איז אַוועק, בורטשענדיג עפּעס. זי איז געוועזען פערוואונדערט און שטארק בעליידיגט. פאר אַזאַ וואהרזאָגונג האָט מען דאַכט זיך געמאָנט איהר גוט בעצאָהלען. זי האָט אָבער אויך פערעכטליך אָבגעשמייכעלט. הו, ווען זי וואָלט אַלץ אויסגעזאָגט, וואָס זי האָט ארויסגעלייענט!

און שפּעטער אַ ווײלע, ווען דאָס קינד איז איינגעשלאָפען,

איז דאָס ווייבעל אוועק צו די שכנות, צו דערצעהלען זיי אויף טשיקאַוועס, וואָס די ציגיינערטע האָט וואהרגעזאָגט איהר בערעלען. פערגינערינס האָבען דערביי געזאָגט „הלואי!“ און דעם ווייבעלס נעזיכט האָט געלויכטען. אָבער נישט־פערגינערינס האָבען געזאָגט: „אז אַ ציגיינערקע רעדט, איז ווי אַ הונט האָט געבולען...“ און דאָס ווייבעל האָט געענטפערט מיט אַ ביסעל רוגזה און אַ בעהאַלטענער קללה: „און איך, מיינט איהר, גלויב עס שוין?“

אויף דער מאַן האָט עס אויפגענומען סקעפּטיש, מעשה מאַנס־ביל: „פּשא! אַ ציגיינערטע! הבל הבלים! און דו, דער נאַר, ווילסט שוין מסתמא גלויבען?!“

און דאָס ווייבעל האָט פערשלאָסען די וואהרזאָגונג טיעף ביי זיך אין הארצען.

## דאָס צווישענשפּיעל

לייט האָבען געזאָגט, אַז דאָס וואקסט עפּעס אַ פּרא אָדם, און דער רבי אין חדר האָט געזאָגט, אַז אַזא גראָבען פערשטאָפּטען קאָפּ האָט ער נאָך נישט אָנגעטראָפען פאַר זיין גאַנצער דרייסיג־יעהריגער קנעלונג. אָבער די מוטער איז ביי זיך נישט אַראָב־געפאַלען. נישקשה, אבי זיין מזל וועט זיין קלוג. און עס איז איהר געוועזען, גלייך מען פערגינט איהם איהר נישט.

ווען בערעלע איז געוואָרען אכט יאָהר, איז די גאַנצע פאַמיליע אַרויסגעפאָהרען קיין ניו יאָרק. ער איז אָנגעקומען אין דער פּאָלקס־שולע, אָבער ער האָט זיך זעהר שלעכט געלערנט און שטאַרק ליעב געהאַט די גאַס. שלאָגען און מוסר'ן איהם האָט נישט געהאָלפען. ער פלעגט מאַכען אַן אידיאָטיש־פערשלאָפען געזיכט, און מען האָט געהאַט דאָס געפיהל, אַז מען רעדט צו דער וואַנד און מען שלאָגט

א שטיק האַלץ. אָבער די מאַמע האָט געטראַכט: מילא, וועט ער קיין פּראָפעסאָר נישט זיין. אין אַמעריקא איז עס אויך גאָר נישט אַזאַ גרויסע זאַך.

צו זיין צעהנטען יאָהר איז זיין פאָטער געשטאָרבען, און יעמאָלט האָט די מאַמע אויפגעשלאָסען איהר הארץ און ארויס־געגעבען איהם דער ציגיינערינס וואהרזאָגונג. זי האָט געוויינט איבער איהם. ווי קאָן פון איהם עפּעס ווערען, ווען ער איז אַזוי פויל און שלעכט?

ער האָט פויל געקוקט אין דער ווייטקייט און לאַנגזאַם אריינ־גענומען אין זיך דער מאַמעס ווערטער.

האָט ווירקליך אַ ציגיינערטע איהם אַזוינס וואהרגעזאָגט?

גאַנץ געוויס. זי וועט דאָך דאָס נישט אויסטראַכטען. זי האָט זיך נאָך געשוואָרען.

ער האָט אויסגעפּייפט, צופריעדען און גליקליך.

האָט זי אויך געזאָגט, אַז ער וועט זיין געזונד און שטאַרק?

ניין, דאָס האָט די ציגיינערטע נישט געזאָגט. אפשר וואָלט זי עס נאָך געזאָגט, אָבער ער האָט זיך גראד צוואוויינט, און זי איז מיט איהם אריינגעלאָפען אין שטוב.

עס האָט איהם פערדראָסען, וואָס ער וויים דאָס נישט. ער וואָלט אויך געוואָלט זעהר שטאַרק זיין, אָבער וואָס מאַכט עס אויס, אַבי ער וועט זיין רייך. האָ, ווי גוט, וואָס ער וויים, וואָס מיט איהם וועט זיין! יעצט קאָן ער טאָן, וואָס ער וויל.

## דער קלימאַקס

בערל האָט ענטדעקט זיין טאַלאַנט און נעפונען זיין בעשעפ־טיגונג. צו איין און צוואַנציג יאָהר איז „דזשיפּסי בערל“ געוואָרען

אין געוויסע קרייזען א שם דבר אַלס איינער פון די ערפאָלגרייכסטע קאָרטענשפּיעלער. „דזשיפּסי" האָט ער געהייסען, ווייל ער פלעגט שטענדיג רעדען פון א ציגיינערין, וועלכע האָט ארויסגעלייענט פון זיין האַנד, אַז ער וועט זיין זעהר רייך און בעריהמט. און אַז די ציגיינערין האָט אמת געזאָגט, איז געוועזען צו זעהן דערפון, וואָס צו פינף־און־צוואַנציג יאָהר איז ער שוין געוועזען א בעל־הבית פון אַן אייגענעם גוט־געהענדיגען שפּיעל־הויז.

און באַלד איז ער אויך געוואָרען זעהר בעריהמט. אַלע צייטונגען זיינען פול געוואָרען מיט זיין נאָמען און זיינע בילדער, און „דזשיפּסי בערל" איז געוואָרען אויף אַלע צינגער אין גאַנצען לאַנד.

עס האָט זיך געהאַנדעלט אום א שרעקליכען מאָרד, אין וועל־כען ער איז פערוויקעלט געוואָרען. פאַר זיין אַלטער מוטער איז די גרויסע בעריהמטהייט פון איהר זוהן געוועזען א טויט־קלאַפּ: זי איז געשטאָרבען פון הארץ־שלאַג, ווען מען האָט איהם אַרעסטירט. אָבער זי האָט זיך צוגעאיילט א ביסעל. וואָרום בערל איז ארויס פריי, אויסקויפענדיג זיין לעבען מיט ארויסגעבען די אַנדערע שול־דיגע, און יעצט ערסט איז ער געוואָרען אַן אמת גרויסער מאַן.

אין דעם פּראָצעס איז אויפגעדעקט געוואָרען ווי שטיינרייך ער איז, און עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז צו זיינע פערעהרער און בעוואונדערער איז ניטאָ קיין צאָהל און קיין ערך. זיין בע־פרייאונג איז גע'יום־טוב'ט געוואָרען אין אונצעהליגע הייזער, מען האָט נישט אויפגעהערט צו מאַכען פאַר איהם איין באַנקעט נאָך דעם אַנדערן. זיין גאַנג דורך די גאַסען איז געוועזען ווי דער גאַנג פון א הערשער — אַזוי פיעל בעגלייטער האָט ער געהאַט, און עס איז געוועזען, אַז וואו „דזשיפּסי בערל" איז אריינגעקומען אין א הויז, האָט מען נישט געוואוסט וואָס צו טון מיט איהם, וואו איהם

אוועקזעצען, מיט וואָס איהם מכבד זיין. און דער גאַסטגעבער פלעגט מיט גאוה לאָזען וויסען: „היינט וועט ביי מיר זיין „דזשיפּסי בערל“!“ און אַלע פריינד און בעקאַנטע פון דעם הויז האָבען זיך אריינגעוואָרפען אין זייערע בעסטע יום־טוב־קליידער און געלאָפען בעקאַנט צו ווערען מיט דעם גרויסען גאַסט, צו דריקען איהם די האַנד, אָנצוקוקען איהם, צו הערען איהם רעדען.

און איינער האָט ביי אַזאַ געלעגענהייט איינגעלאַדען צו זיך דעם פּרעזידענט פון זיין שול:

און נאָך איינער האָט אַרויסגערופען צו זיך זיין הויז־דאָקטאָר — כלומרשט, ער איז קראַנק. און אַז דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט ער איהם מיט גדלות געזאָגט: „איך ווייס וואָס, ניטאָ קיין קריינק! אָבער ווייסט איהר, ווער עס זיצט יעצט ביי מיר? „דזשיפּסי בערל“!“

אידישע קינדער האָבען זיך איינפאַך געגרויסט מיט איהם.

און „דזשיפּסי בערל“ האָט עס אָנגענומען ווי עטוואָס גאַנץ נאַטירליכעס, ווי עטוואָס, וואָס קאָן איהם נישט איבערראַשען, ווייל זינט די מאַמע האָט איהם אויפגעדעקט דער ציגיינערינס נבואה, האָט ער געוואוסט בעשטימט, אַז ער וועט קומען צו אַ סך געלד און גרויסען כבוד.

ער האָט זיך אַפילו פערזאָרגט מיט כבוד אויף נאָך זיין טויט. ווען ער איז געפאַלען פון דער האַנד פון אַ „גיינגסטער“, וועלכער האָט איהם אריינגעשטאָכען אַ מעסער אין האַרצען, האָט ער נאָך געלעבט גענוג אויף אָנצוזאָגען, ווי זיין לויה זאָל זיין, און זי איז געוועזען, ווי די לויה פון אַ גדול בישראל און אַ קדוש דאַרף זיין. וואָגענס מיט קרענץ און בוקעטען זיינען געפאָהרען פאָראויס, און תלמוד־תורה־קינדער זיינען געגאַנגען פאַר זיין אָרון און קלאַנגפול און ריהרענד געזונגען פסוקים פון תהלים, און הינטער דעם אָרון

האָט זיך געצויגען אַן אונענדליכע שורה פון אויטאָמאָבילס און קאַרעטען און אונצעהליגע פוסגעהער־פאָלק. און אויפ׳ן קבר האָט אַן אונטערגעהייצטער ראַבינער געמאַכט איהם אַ זעהר וואַרמען הספד. — —

זיין נשמה אָבער איז דערווייליע געשטאַנען פאַר׳ן בית דין של מעלה, ווי ער איז אַ מאָל געשטאַנען פאַר׳ן בית דין של מטה, און געפּרובט זיך אַרויסדרעהען פון גיהנום־שטראָף מיט אַרויסגעבען די מיטשולדיגע: זי האָט אַנגעוויעזען אויפ׳ן גאַנצען לויה־עולם מיט די אַלע כלי־קדש.